אברהם זאק.

# רגע'ס פון טרוים

טאנקעס.



דרוקעריי געבר. וואיציקעוויטש, ווארשא,

1919.

1.

ווייסטו וואָס באַדייט
הימלס־כּתב אין בלויער פּראַכט?—
כ׳לייען נאַנט און ווייט
טרוימען, אַלדענע פון נאַכט,
גאָט׳ס מחשבה, וואָס ערוואַכט...

---

2.

ווייסטו, קינד, דעם מיין
ווען אַ שטערן שטאַרבט אַוועק?...
אויך אַזוי פאַרגיין
וועלן, קינד מיינס, טעג נאָך טעג
ביז׳ן שוואַרצן קבר־בּ־עג — — —

---

 אבר־ם זאַק

3.

שוואלבן פליען אום

אין דער לופטן פראַנק און פריי...

ווידער גרינט אַרום! —

קום! אויף דו ברייננ, וואָס פאַרביי,

גיב חלומות מיר אויף ס'ניי! — —

---

4.

פרילינג לאַכט און שאַלט,

ס'גרייט צום יום-טוב זיך די ערד,

ס'פוצט זיך אויס דער וואַלד... —

קום! עס איז נאָך אונז באַשערט

בויען טעמפלען, וואָס צושטערט— —

---

5.

זיי געזונט, דו שטאָט!
איך פֿאַרלאָז דיך, כ'גײ אַוועק
צו דעם פֿעלדער-גאָט, —
זייט געזונט, איר גרויע טעג,
איינזאַם-וויסטע נעכט אָן ברעג...

6.

ס'שווייגט די גאַנצע וועלט,
ס'שלאָפט די ווייטע, ווייטע שטאָט,
ס'שטומט די זאַנג אין פֿעלד...—
שווייג אויך דו!—דו וועסט פֿון גאָט
הערן איצט דעם טיפסטן סוד...

7.

ס׳שטאַרבט די זון דאָרט ווייט,
ס׳פּלייצט איר בלוט אין שקיעה־פּראַכט,
ס׳בלייבט דער מערב־זייט...
ס׳גייען אויס פאַרבייַנקע, און מאַכט
קראַנקע שעה׳ען פון פאַרנאַכט...

---

8.

ס׳שלאָפט דער בריטער טייך,
טיף א שטערן־ספינקס, אַ פלאַך...—
וועלן! כ׳קום צו אייך:
כאָטש איין שטערן־חלום... אַך,
איר פאַרמעגט זיי דאָך א סך...

---

9.

ליליען טרוימען שטום,
ס'וויגט די נאַכטיגאַל: ליו—ליו...
אַלעס שלאָפט אַרום...—
איך שליס אויך די ברעמען צו,
נאָר—די פּיינען!.. ס'קומט קיין רו...

10.

ביידע לאָמ ר זיין
דאָ אין פעלד אליין, באַנאַנד..
ביסט מיין נעקטאָר-ווין:
כ'טרינק ביז שכרות נאָלאַנאַנד
און איך שוועב אין געטער-לאַנד!...

## 11.

טרוים ניט מער, ניט ווארט!

ס'רייצט דער דעמאָן שוין און לאַכט...

ס'וועלקט אַלץ און פֿאַרדאַרט...

זוך די לעצטע בלומען־פּראַכט

איידער ס'קומט די קבר־נאַכט!— — —

## 12.

רוהיג איז די ערד.

בלעטער גאָלדנע הין און הער.

אַלץ שוין טויט, פֿאַרצערט...

שאַ, קיין גרוס, קיין טרעל שוין מער,

ס'פֿאַלט פֿון הימל טרער נאָך טרער...

13.

וידוי זאָגט דער יואַגד...

רינקייט, לידער—אַלץ פֿאַרביי...

טריב, און פֿייכט, און קאַלט...—

גווינט, אָ ווינט! אַ קדיש זיי

נאָך דעם זומער, נאָך דעם מײַ— — — —

---

14.

ס'גיי אוועק אצונד

אין אַ ווייטן, ווייטן לאַנד...

בלייבסטו?—זיי געזונט!

ווילסטו מיט—טו גיב דיין האַנט!

פֿרעגסט אַ פֿרעג?—דער קבר-ראַנד!...

---

15.

ס'שרעקט מיך ניט די נאַכט,

יעֶנע נאַכט פון קבר-שלאָף...

כ'קלעָר נאָר און איך טראַכט:

נאַריש-אומשולדיגע שאָף

אין אַ כשוף-קרייז אָן ס ף— — —

---

16.

ווייגסט מיט טרערן גאָר,

חייס: דו קויפסט ניט פאר דעם פּרייז

ליבּע אויף אַ האָר.

זיי אַ דעמאָן! כשוף ווייז!

זוכסטו רחמים—בין איך אייז!...

---

17.

ס'גייט אַ ווייסער שניי,

זאָגסט, ביסט אויך אַזוי ווי ער...

ריין, צי... יאָ, כ'פאַרשטיי:

ווי דעם שניי געוויס האָט ווער

דיך צוטראָטן זינדיג-שווער...

---

18.

ניכטער הייסטו זיין?

ס'הייסט—קיין טרוים, נאָר וואַרף אַוועק

פרויען, לידער, ווײַן...

יין, איך וויל קיין גרויע טעג,

כ'וויל ניט זען דעם קבר-ברעג!...

---

19.

בּיסט אַ גוטין, קינד,
פּעסט דיין טראָן און גרויס דיין מאַכט,
לייטערסט מיך פון זינד...
ליבּע — דיין גן-עדן-פּראַכט,
האַס — דיין גיהנום-נאַכט...

---

20.

כ'קען דיך פון אַמאָל!
פּאַר אַ שקלאַף געמאַכט האָסטו,
זיגע־יס דיין קול.
איצט — שוין שטעט! דאָס האַרץ שוין צו,
איך — דער שטאָלץ, הכנעה — דו...

---

21.

ניין, עס קען ניט זיין!

איצט חרטה? — שפעט. אומזיסט!

ס'רירט מיך ניט דיין פיין...

כ'בין געקומען, כ'האב געגריסט,

נאר מיין מקדש האסט פארוויסט...

22.

כ'בין היינט יונג און שטארק.

ווי דער אדלער שטאלץ און פעסט

אויפן פעלזן-קארק...

ביסטו שוואך — פארלאז מיין נעסט.

ס'איז מיין ליבע היינט די גרעסט'!...

23.

לעש ניט אויס דעם פלאַם,
ס׳איז דער פלאַם שוין פון פאַרגיין..
קאַלט דײַן גיפּט, דיין סם...
ס׳איז מיין ליבע איצטער שיין,
ניט פאַרפלעק זי דו אַליין — — —

---

24.

טרויריג ברענען ליכט...
קעפ געזונקען... היילינ שטום
קוקט איר טויט געזיכט...
כורעים פאַל איך... כ׳ליינ אַ בלום..
דולט: אַ מלאך שוועבט דאָ אום — — —

---

25.

שבט, ס'איז שנייאיג-גרוי.

פֿראָסט, אויף שויבן קווייט אויף קוויַיט.

אויך אין האַרץ אַזוי:

בלומען — נאָר מיט פֿראָסט פֿאַרוויַיט,

ס'האָט דער טרויער זיי פֿאַרזיַיט — — — —

---

26.

ליבע ניסן-זון!

זאָגסט פֿון ווינטער אָן דעם סוף.

דו דערציילסט דערפֿון

אַלעמען, און וועקסט פֿון שלאָף.

י'הַלסט צו מיר אויך: „טרוים און האָף!"...

27.

פ׳גלויבּ, איך האָף, איך טרוים!
ס׳פּלייצט דער טייך, דער אייז —ער קראַכט,
שוואַלבּן-שניר אין רוים...—
ס׳קומט מיין ל י ב ע... גריסט און לאַכט,
בּרייַנגט מיר הויפּנס גליק און פּראַכט — — —

28.

קנייַטשל, קנייטשל, וואַרט!
ניט צושנייד מייַן שטערן זינד:
ס׳טרוימט נאָך ס׳האַרץ און גאַרט...
פ׳פליק די בּלומען, פ׳אייל געשווינד.—
גליק! איך גיי צו דיר, ניט שווינד!...

29.

כ׳נעם אַ שטאַב אין האַנד.

כ׳ווער אַ וואַנדרער. ערגעץ־וואו

ליגט מיין טרוימען־לאַנד...

כ׳הער: „אַ נביא זייַן זאָלסטו,

שנעל פֿאַרשילט די טויטע רי״...

---

30

שטערן גייען אויס.

ס׳לאַכט דער מזרח, שיט מיט גלאַנץ.

שחרית זאָגט די רויז...

ס׳פלעכטן שוואַלבן זיך אין קראַנץ

און אַנטקעגן טאָג — מיט טאַנץ!...

---

31.

שטילע שטאַרבן אָפּ

רגע׳ס אייביגקייט אין גאָט,

ס׳שווינדט טיק-טאַק, גאַלאָפּ!—

וואָס איך הלום, וואָס איך טראַכט,

ווערט פֿון שטן אויסגעלאַכט — — —

---

32.

נאַכט. נאך שוואַרץ. גלין גאָן.

ס׳ווערט צופליקט מיין גאלדנער טרוים...

ס׳קלינגט דער טאָג שוין אָן...

כרובים, וואַרט! פֿאַרדעקט דעם רוים,

זאָל פֿאַרמאַכט נאך זיין מיין תהום!...

---

33.

חצות. אַ ליכטל ברענט.

ס'נעמט קיין שלאָף, דער קאָפּ ווי בליי...

שאָטנס... קומסט... דערקענט...

ביסט געוועזן ,כיסט פֿאַרביי,

ווי אַ טרוים פון גרינעם מאַי — — —

34.

שטילע מעריב-צייט.

עמוד-ליכט דער הימל צינדט.

כרובים דאָרט אין ווייט...

ס'ווילט זיך אין אַ ווינקל צינד

דאַוונען ,בעטן ווי אַ קינד...

35.

תּפילה טו איך צינד

אין דער שטילער מעריב-שעה...

דוכט: כ'בין ריין... אַ קינד..

טונקל... שווארץ... די שוּבן גראָ...

שוייג, עס איז די שכינה דאָ...

36.

ווי אַ שווארצע קראָ

פאַלט אַראָפּ זי בלינדע נאַכט.

דוכט: פון טויט די שעה...

לילט און כּארבן, זון און פּראכט—

האָט איר נאָר אַ שפּאַס געמאכט?...

37.

שניסער־ליד אין פעלד.

גאר אן שנייען כול און שווער.
האט דער גוף זיין קוועלט.
נאר די זעל, זי קלאגט: ווי לער!...
און דאס פעלד זאפט־איין איר טרער...

---

38.

הש ־! בליב דיין צער.

ס'איז דער אומעט פון פארגיין.
ביסט מיר נאנט דערבא־ין
פון מיין גליק, פון מיין געוויין
בלייבט נאר אויף א גרויער שטיין...

---

39.

כ'שליס די אויגן צו,

כ'ווער א קינד, נ'ם וויג מיך איין,

גיב אביסל רו!

זאָל א מעטהלע נאָר זיין

סיי דאָס גליק און סיי דאָס פיין...

---

40.

ס'איז צו שווער צו שווער!

אויף מיין שטערן לייג דיין האנד...

נעבטער... דאָ... אהער...

יאָ, איך ·לויב... דערציייל פון לאַנד,

וואו עס גרינט נאָר נאכאנאנד — — —

---